# אידישע לייסטונג
# אין ארץ־ישראל.

## פיער יאהר ציוניסטישע ארבייט.

## פֿאקטען און ציפֿערן.


אַרויסגעגעבען פֿון דעם

הויפטביורא פון דעם קרן היסוד

75, GREAT RUSSELL STREET, LONDON, W.C. 1

1922.

# די בריטישע הבטחה.

(די באלפור־דעקלאראציע, פון׳ם 2־טען נאוועמבער, 1917).

„זיין מאַיעסטעטס רעגירונג קוקט גינסטיג אויף דער גרינדונג פֿון אַ נאַציאָנאַלער היים אין פאלעסטינא פֿאַר׳ן אידישען פֿאָלק, און וועט זיך באַמיהען מיט אַלע כחות צו פֿערלייכטערען די דורכפֿיהרונג פֿון דיזען ציעל; דערביי דאַרף קלאָר פֿאַרשטאַנען ווערען, אַז קיין זאַך וועט ניט געטאָן ווערען, וואָס קען שאָדען די בירגערליכע און רעליגיעזע רעכט פֿון די עקזיסטירענדע ניט־אידישע געמיינדען אין פאַלעסטינאַ, אָדער די רעכט און דעם פּאָליטישען מצב וואָס אידען געניסען אין אירגענד וועלכען לאַנד.

# די אינטערנאציאנאלע גאראנטיע.

(פּאראגראף 95 פון׳ם שלום־אבמאך מיט דער טערקיי.)

די הויכע קאָנטראַקט־צדדים זיינען מסכים, אונטער אָנווענדונג פֿון די באַשטימונגען פֿון׳ם פּאַראַגראַף 22, אָנצופֿאַרטרויען די פֿאַרוואַלטונג פֿון פּאַלעסטינאַ, אינערהאַלב פֿון אַזעלכע גרעניצען, וואָס וועלען באַשטימט ווערען פֿון די פֿאַרבינדעטע הויפּט־מעכטען, צו אַ מאַנדאַטאַר־מאַכט, וואָס זאָל אויסגעוויהלט ווערען דורך די דערמאָנטע מעכטען. די מאַנדאַטאַר־מאַכט וועט זיין פֿאַראַנטוואָרטליך פֿאַר דער דורכפֿיהרונג פֿון דער דעקלאַראַציע, וואָס איז צוערשט געמאַכט געוואָרען דעם 2־טען נאָיועמבער, 1917, פֿון דער בריטישער רעגירונג און איז אָנגענומען געוואָרען פֿון די אַנדערע פֿאַרבינדעטע מעכטען, לטובת דער שאַפֿונג אין פּאַלעסטינאַ פֿון אַ נאַציאָנאַלער היים פֿאַר׳ן אידישען פֿאָלק. דערביי דאַרף קלאָר פֿאַרשטאַנען ווערען, אַז קיין זאַך וועט ניט געטאָן ווערען, וואָס קען שאָדען די בירגערליכע און רעליגיעזע רעכט פֿון די עקזיסטירענדע ניט־אידישע געמיינדען אין פּאַלעסטינאַ, אָדער די רעכט און דעם פּאָליטישען מצב וואָס אידען געניסען אין אירגענד וועלכען לאַנד.

# די הסכמה פון אמעריקא.

(רעזאלוציע פון דעם קאנגרעס פון די פאראייניגטע שטאאטען).

„נעמענדיג אין באטראכט, אז דאס אידישע פאלק האט דורות לאנג געשטרעבט אויפצובויען זיין אלט היימלאנד,

און נעמענדיג אין באטראכט, אז א דאנק דער מלחמה און דעם אידישען אנטייל אין איהר, האט מען דעם אידישען פאלק געגעבען די מעגליכקייט אויפצושטעלען און ווידעראויפצובויען א נאציאנאלע היים אין דעם לאנד פון זיינע פאטערס, וואס וועט געבען דעם בית ישראל די מעגליכקייט, וועלכע מען האט זיי אזוי לאנג ניט געוואלט געבען, צו שאפען פרוכטבאר אידיש לעבען און קולטור אין דעם אלטען אידישען לאנד—

באשליסט דער סענאט און קאנגרעס פון די פאראייניגטע שטאאטען, אז די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא שטימען צו צו דער שאפונג פון א אידישער נאציאנאלער היים אין ארץ ישראל, מיט דער באדינגונג, אז עס זאל גארניט געטאן ווערען, וואס קען שאדען די רעליגיעזע און ציווילע רעכט פון ניט אידען, און אז די הייליגע ערטער און היסטארישע געביידעס זאלען אבגעהיט ווערען".

# פרעזידענט הארדינג וועגען דעם קרן־היסוד.

דער אמעריקאנער פרעזידענט ווארען הארדינג האט צוגעשיקט דעם פאלגענדען בריף צו דעם סעקרעטאר פון דעם קרן־היסוד אין אמעריקא:

„איך בין זעהר צופרידען אויסצודריקען מיין הסכמה און הארציגע סימפאטיע צו דער אנשטרענגונג פון דעם קרן־היסוד פאר דער אויפבויאונג פון ארץ־ישראל אלס א היימלאנד פון דעם אידישען פאלק. איך האב שטענדיג באטראכט מיט א אינטערעס, וואס איז פונקט אזוי פראקטיש ווי גייסטיג, דעם פארשלאג וועגען דער אויפלעבונג פון ארץ־ישראל, און איך גלויב, אז די ארבייט, וואס ווערט צוליב דעם אנגעפיהרט אין דעם לאנד און אויך אין אנדערע לענדער, וועט האבען דעם פולסטען ערפאלג".

# אידישע לייסטונג אין ארץ־ישראל.

---

## פיער יאהר ציוניסטישע ארבייט.

דעם 2־טען נאָיועמבער, 1917, האָט די בריטישע רעגירונג אַרויסגעלאָזען די באַלפור-דעקלאַראַציע וועגען דער גרינדונג פון אַ אידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל.

אין אַפּריל, 1920, האָט דער אויבער־ראַט פון די פאַרבינדעטע מלוכות אין סאַן־רעמאָ ראַטיפיצירט די באַלפור־דעקלאַראַציע.

דעם 10-טען אויגוסט, 1920, איז די דעקלאַראַציע אינטערנאַציאָנאַל גאַראַנטירט געוואָרען אין׳ם שלום־אָבמאַך מיט דער טערקיי, און גרויס-בריטאניע איז באַשטימט געוואָרען אַלס מאַנדאַטאָר-מאַכט פון׳ם פעלקער־בונד פאַר דער אַדמיניסטראַציע פון ארץ ישראל.

* * *

אין פריהלינג 1918 האָט די ציוניסטישע קאָמיסיע, אַלס פאַרטרעטונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויפגענומען איהר טעטיגקייט אין ארץ ישראל.

אָנהויב יאָהר 1918 איז געשאַפען געוואָרען דער קרן־הגאולה, פאַר דער פינאַנסירונג פון דער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציאָנס-ארבייט.

אין יוני, 1920, איז געגרינדעט געוואָרען דער ארץ־ישראל׳דיגער אימיגראַציאָנס-און קאָלאָניזאַציאָנס-פאָנד „קרן־היסוד״, אַלס אַן אַלגעמיין אידישער פינאַנץ-אינסטרומענט פאַר דער ווידעראויפבויאונג פון ארץ ישראל.

* * *

וואָס האָבען אויפגעטאָן די ציוניסטישע באַוועגונג, איהרע פינאַנץ-אינסטיטוציעס און איהרע ישוב־פאָנדען אין׳ם משך פון די פאַרגאַנגענע פיער יאָהר?

## וואס האט דער ציוניזם אויפגעטאן אין ארץ ישראל?

ס׳זיינען געגרינדעט געוואָרען בליהענדע לאַנדווירטשאַפטליכע ישובים.

ס׳זיינען געשאַפען געוואָרען מאָדערנע שטאָדט-טיילען און גאָרטען־שטעדט.

גרויסע שטחים ערד זיינען אַריבער אין׳ם רשות פון׳ם גאַנצען אידישען פאָלק.

ס׳איז רעגולירט און ערמוטיגט געוואָרען די אידישע אימיגראַציע.

ס׳איז איינגעפיהרט געוואָרען מאָדערנע סאַניטאַציע.

ס׳איז ענטוויקעלט געוואָרען אַ וויט-פאַרצווייגטע ערציהונגס-און שול-סיסטעמע.

העברעאיש איז געוואָרען אַ לעבעדיגע פֿאָלקס-שפּראַך. ס'איז געלייגט געוואָרען דער פֿונדאַמענט פֿאַר אידישער זעלבסט-פֿאַרוואַלטונג.

זאָלען די פֿאַקטען און ציפֿערן רעדען פֿאַר זיך אַליין.

**לאַנדווירט־שאַפטליכע ישובים.**

עס געפֿינען זיך איצט אין ארץ ישראל 55 אידישע קאָלאָניעס אויף אַ שטח פֿון 700.000 דונאַם (אַן ערך 70,000 העקטאַר), מיט אַ בעפֿעלקערונג פֿון 15.000 נפשות.

די צאָהל אידישע לאַנד־אַרבייטער איז אָנהויב יאָהר 1922 געווען 2,300. פֿון זיי האָבען 1,000 לאַנדווירטשאַפֿטליכע אַרבייטער זיך באַזעצט אין 20 קאָאָפּעראַטיווע און 4 אינדיווידועלע קאָלאָניעס, וואָס באַאַרבייטען בס"ה אַ שטח פֿון 33.000 דונאַם. די אַרבייטער־ווירט־שאַפֿטען שטעהען אונטער דער דירעקטער השגחה פֿון'ם לאַנדווירטשאַפֿטליכען דעפּאַרטמענט פֿון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע.

4 לאַנדווירטשאַפֿטליכע פּראָבע־סטאַנציעס פֿאַר די פֿאַרשידענע טיילען און קלימאַטען פֿון'ם לאַנד, געגרינדעט דורך דער ציוניסטישער אַדמיניסטראַציע, פֿיהרען שוין אָן זייער אַרבייט; נאָך פֿיער אַזעלכע פּראָבע־סטאַנציעס ווערען איצט געגרינדעט.

**באַוואַלדונג.**

אין'ם משך פֿון די יאָהרען 1919־1921 האָט דער לאַנדווירט־שאַפֿטליכער דעפּאַרטמענט פֿון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע פֿאַרפֿלאַנצט אַ שטח פֿון אַן ערך 3,000 דונאַם מיט 750,000 וואַלד־און גאָרטען־ביימער; מיליאָנען יונגע ביימלאַך זיינען צוגעגרייט געוואָרען אין די בוים־שולען פֿאַר באַוואַלדונג. אויף דער דאָזיגער אַרבייט זיינען אויסגעגעבען געוואָרען איבער 40,000 פֿונט.

דורך דער באַוואַלדונגס־אַרבייט ווערט אָבגעשטעלט דאָס אַריינדרינגען פֿון זאַמד, זומפּען ווערען אויסגעטריקענט, און נאַקעטע באַרג־זייטען ווערען באַדעקט מיט ביימער.

**לאַנדקויף.**

דער אידישער נאַציאָנאַלפֿאָנד, דער לאַנד-פֿאָנד פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג, באַזיצט איצט 75,000 דונאַם לאַנד (געגען 21,000 אין'ם יאָהר 1920) אַלס אייביג אייגענטום פֿון'ם אידישען פֿאָלק. אַן ערך 74,000 דונאַם זיינען לאַנדווירטשאַפֿטליכע ערד. זיין שטאָדטיגער לאַנד־באַזיץ באַשטעהט פֿון אַן ערך איין מיליאָן פּיק (ביי 600,000 קוואַדראַט-מעטער).

דער דאָרפֿישער לאַנד־באַזיץ פֿון'ם אידישען נאַציאָנאַלפֿאָנד ווערט איבער-געגעבען צו קאָלאָניסטען אין ירושה־פּאַכט, און זיין שטאָדטיגער לאַנד־באַזיץ אין פּאַכט מיט ירושה ביי־רעכט, געגען אַן אָבצאָהלונג פֿון אַ מעסיגער לאַנד-רענטע.







אײבּערשטעס בּילד—זאַמדיגע ערד וואָס די רעגירונג האָט געגעבען דער אידישער קאָלאָניע ראשון לציון צו קולטיווירען.
צענטער בּילד— בוימער־פּלאַנצונג אויף זאַמדיגער ערד (ראשון לציון).
אונטערשטעס בּילד—אַ אידישע פּלאַנטאַציע אויף די זאַמד־דיונס.







אויבערשטעס בילד—דאס אנקומען פון אידישע חלוצים. שטעלען אויף געצעלטען.
צווייטער בילד— א נייער ישוב (דגניה).
אונטערשטעס בילד—א אידישע קאלאניע (עקרון).







אויבערשטעס בילד—דאָס לייגען פון דעם גרונדשטיין פון דער אידישער שטאָדט תל־אָביב אין 1909.
צענטער בילד—דריי יאָהר שפּעטער—אַ גאַס אין תל־אָביב אין 1912 (רחוב הרצל).
אונטערשטעס בילד—אַ גאַס אין תל־אָביב אין 1922 (שדרות רוטשילד).







אויבערשטעס בילד—צוגרייטונגען פאר א נייעם ישוב אין א שטייניגער געגענד (קרית ענבים).
צענטער בילד—ביימער געפלאנצט צווישען די פעלזען (בן שמן).
אונטערשטעס בילד—אן עפעל־גארטען אויף שטייניגער ערד (הולדה).







אויבערשטעס בילד—חלוצים (אידישע פיאנירען) טריקענען א זומפ נעבען ים טבריה.
צווייטער בילד—א עקאליפטוס וועלדיל געפלאנצט אויף דער איינגעטריקענטער ערד.
אונטערשטעס בילד—א גאס אין א קאלאניע וואס געפינט זיך אין א זומפיגען פלאץ נעבען מי מרום (יסוד המעלה).







אייבּערשטעס בּילד—אויפבּרעכען פון אונבּאַארבּייטעטע ערד. אַקערן צווישען די פעלזען (בן שמן).
צענטער בּילד—הכנית פּאַר באַוואַלדונג (באר טוביה).
אונטערשטעס בּילד—בּיהנען־צוכט (הולדה).







אויבערשטעס בילד—פלאַנצונג פון אַ וויין־גאָרטען אין אַ נייער קאָלאָניע (קרית ענבים).
צענטער בילד—אַ בילד פון זכרון־יעקב, איינע פון די ערשטע אידישע וויין־קאָלאָניעס.
אונטערשטעס בילד—אַנזיכט פון פתח־תקוה.







אױבערשטעס בילד—דער אידישער טעכניקום אין חיפה.
צענטער ביֿלד—די אידישע ,,בצלאל“ קונסט־שול אין ירושלים.
אונטערשטעס בילד דער פּלאַן פון דער העברעאישער אוניװערזיטעט אין ירושלים.

אויף די דאָרפֿישע לענדערייען פֿון׳ם נאַציאָנאַלפֿאָנד געפֿינען זיך 22 ישובים, מיט אַ באַפֿעלקערונג פֿון 1,500 איינוואוינער, וואָס קולטיווירען אַ שטח פֿון 28,000 דונאַם.

די „חברת הכשרת הישוב בא״י", די ציוניסטישע געזעלשאַפֿט פֿאַר לאַנד־קויף און פֿאַרצעלירונג, האָט ערוואָרבען ביי 75,000 דונאַם, אין׳ם ווערט פֿון 350,000 פֿונט, אין שטאָדט און דאָרף, פֿון וועלכע זי האָט שוין אַ חלק ווייטער פֿאַרקויפֿט צו אידישע קאָלאָניזאַטאָרישע, אינדוסטריעלע און בוי-געזעלשאַפֿטען.

**אימיגראַציע.** 24,000 אידען זיינען איינגעוואַנדערט קיין ארץ ישראל אין׳ם משך צייט פֿון פֿעברואַר 1919 ביז מערץ 1922. פֿון זיי 21,000 אונטער דער השגחה און מיט דער הילף פֿון די ציוניסטישע פּאַלעסטינאַ-אַמטען. די מערהייט פֿון די אימיגראַנטען זיינען אַרבייטער און בעלי-מלאכות, און די מייסטע אימיגראַנטען זיינען אין׳ם אַלטער פֿון 19 ביז 30 יאָהר.

מיט אַ גאַנץ קליינער אויסנאַמע האָט מען פֿאַר אַלע אימיגראַנטען געפֿונען באַשעפֿטיגונג אין דער לאַנדווירטשאַפֿט, ביי עפֿענטליכע אַרבייטען, ביי הייזער־בוי, אָדער אַנדערע שטאָדטיגע אינדוסטריעס.

דער אימיגראַציע־בודזשעט פֿאַר הײ־יאָהר באַטרעפֿט 90,000 פֿונט.

**עפֿענטליכע אַרבייטען.** ביז 3,000 אַרבייטער, ס׳רוב נייע אימיגראַנטען, זיינען געווען באַשעפֿטיגט אין יאָהר 1921 ביי עפֿענטליכע אַרבייטען און בוי־אַרבייטען. דער בוי פֿון 75 קילאָמעטער שאָסעען, 15 קילאָמעטער באַהן-ליניע, אַ בריק איבער׳ן ירדן, ווי אַנדערע ערד-און בוי-אַרבייטען זיינען דורכגעפֿיהרט געוואָרען דורך אידישע אַרבייטער-קאָאָפּעראַטיוועןן.

דער ווערט פֿון די קאָנטראַקטען איז געווען 240,000 פֿונט.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט באַווילינגט באַטריבס-קרעדיטען און אויסשטאַטונגס-ביישטייערונגען אויף אַ סומע פֿון 75,000 פֿונט.

ס׳איז געגרינדעט געוואָרען אַן אַרבייטער־באַנק צו פֿינאַנצירען די דאָזיגע קאָאָפּעראַטיווען. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז באַטייליגט דורך דער אידישער קאָלאָניאַל-באַנק מיט פֿאָרצוגס-אַקציעס אויף אַ סומע פֿון 30,000 פֿונט.

13,500 פֿונט האָבען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט׳ן קרן היסוד ביינעשטייערט פֿאַר די צוגרייטונגס־אַרבייטען אין פֿאַרבינדונג מיט דער דורכפֿיהרונג פֿון דער ירדן-קאָנצעסיע.

10,000 פֿונט האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע געגעבען דער רעגירונג פֿאַר דער דרענאַזש-אַרבייט אין ירושלים וואָס איז דורכגעפֿיהרט געוואָרען דורך אידישע אַרבייטער און ציוניסטישע אינזשעניערען.

די אידישע קאָלאָניאַל-באַנק האָט געגעבען דער רעגירונג אַ הלואה פון 15,000 פונט פאַר׳ן בוי פון שאָסעען אין יהודה.

אַחוץ דעם זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען אויף אַ גרעסערען מאַסשטאַב אַמעליאָראַציאָנס־אַרבייטען אויף די לענדרייען פון דעם אידישען נאַציאָנאַלפאָנד.

ערציהונג. די שול־סיסטעמע, אויפגעהאַלטען פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע, נעמט אַרום:

53 קינדער־גערטנער,
65 פאָלקס-שולען,
12 מיטעל־שולען
און לעהרער-סעמינאַרען,
7 לערן־ווערקשטאַטען.

בס"ה 137 שולען.

די צאָהל פון לעהרער: 505
" " תלמידים: 13,000.

די לערן-שפּראַך אין אַלע שולען איז — העברעאיש.

דער בנין פון דעם אידישען טעכניקום אין חיפה וועט פאַרטיג ווערען אין משך פון היינטיגען זומער.

דער גרונדשטיין פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט איז געלעגט געוואָרען אויף׳ן הר־הצופים אין יאָהר 1918.

| | |
|---|---|
| דער שול־בודזשעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאַר היינטיגס יאָהר באַטרעפט ... ... ... ... | £128,000 |
| די אויפהאַלטונג פון דער גאַנצער אידישער שול-סיסטעמע אין ארץ ישראל האָט פאַראַיאָהרען געקאָסט בס"ה ... ... | £150,000 |
| די ביישטייערונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געווען בערך ... ... ... ... ... | £110,000 |
| שכר-למוד און לאָקאַלע ביישטייערונגען ... ... | £21,000 |
| די ביישטייערונג פון דער רעגירונג ... ... ... | £E2,675 |

סאַניטאַציע. די ציוניסטישע מעדיצינישע קערפּערשאַפט „הדסה" האָט אונטער זיך די סאַניטאַציע־אַרבייט אין 5 שטעדט, 22 קאָלאָניעס, און אין די אַרבייטס-לאַגערן. זי באַזאָרגט די מעדיצינישע הילף פאַר די אימיגראַנטען און האָט די מעדיצינישע השגחה איבער די שולען. זי פערוואַלטעט:

17 האָספּיטעלער, פּאָליקליניקען, פאַרבאַנדס-פונקטען און לאַבאָראַטאָריעס.

טעטיגקייט אין משך פון צוויי יאָהר.

9,000 פאַציענטען אין האָספיטעלער.

150,000 קראַנקע אין די פּאָליקליניקען.

750,000 קראַנקע באַהאַנדעלט אין די קליניקען.

23,000 פאַציענטען באַהאַנדעלט אין זייערע היימען.

55,000 לאַבאָראַטאָריע אונטערזוכונגען.

די האָספיטעלער און קליניקען זיינען אָפען פאַר אַלעמען, אָהן אונטערשיד פון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט; די לאַבאָראַטאָריעס באַדינען אויך די רעגירונג.

דער יעהרליכער בודזשעט פון דער „הדסה" באַטרעפט 100,000 פונט.

שטאדטיגע קאלאני־זאציע.

בוי-קרעדיטען אויף אַ סומע פון 55,000 פונט זיינען געגעבען געוואָרען דורך די ציוניסטישע פינאַנציעלע אינ-סטיטוציעס און דורך דעם קרן-היסוד, אין יפו, ירושלים און טבריה. אַן ערך 500 הייזער זיינען אין תל־אביב אויפ־געבויט געוואָרען אָדער ווערען געבויט. ס'האַלטען ביי געבויט ווערען איינציגע הונדערט הייזער אין ירושלים, חיפה, טבריה.

פינאנץ־אינסטי־טוציעס.

די אידישע קאָלאָניאַל-באַנק אין לאָנדאָן, די צענט־ראַלע פינאַנץ-אינסטיטוציע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, באַזיצט אַן איינגעצאָהלטען קאַפּיטאַל פון 380,000 פונט. איהרע דעפּאָזיטען אין'ם יאָהר 1921 האָבען באַטראָפען 870,000 פונט. זי האָט אין די יאָהרען 1920 און 1921 פאַרטיילט אַ דיווידענד פון 5 פראָצענט.

די אַנגלאָ-פּאַלעסטינאַ-קאָמפּאַני אין יפו, די טאָכטער אינסטי-טוציע פון דער אידישער קאָלאָניאַל־באַנק אין ארץ־ישראל, האָט פאַרגרעסערט איהר איינגעצאָהלטען קאַפּיטאַל פון 100,000 פונט אין'ם יאָהר 1919 אויף 300,000 פונט אין'ם יאָהר 1921. איהרע דעפּאָזיטען זיינען געוואַקסען פון 750,000 (אין יאָהר 1919) אויף 875,000 פונט (אין יאָהר 1921). אין'ם יאָהר 1921 האָט זי געהאַט אַ ריינעם ריוח פון 25,000 פונט, און איז געווען ביכולת צו צאָהלען, ווי פאַר דער מלחמה, אַ דיווידענד פון 4 פראָצענט.

מיט איהרע זעקס אָבטיילונגען איז זי די וויכטיגסטע קרעדיט־אַנ־שטאַלט פאַר דעם האַנדעל און פאַר דער אידישער אינדוסטריע אין ארץ ישראל. זי גיט אויך די קאָלאָניסטען קורץ-טערמיניגע קרעדיטען אויף'ן גערעטעניש, און האָט אויך באַוויליגט לאַנג-טערמיניגע בוי-און פלאַנצונגס-הלואות אויף אַ באַ־דייטענדען מאַסשטאַב.

די אַלגעמיינע היפּאָטעקען-באַנק פון א"י מיט אַן איינ־געצאָהלטען קאַפּיטאַל פון 50,000 פונט איז דאָ ניט לאַנג געגרינדעט געוואָרען. זי גיט אַרויס אָבליגאַציעס פאַרצינזט מיט 6 און 7 פראָצענט, וואָס זיינען געזיכערט דורך היפּאָטעקען. דער קרן-היסוד נעמט איבער אָבליגאַציעס פון דער באַנק אויף אַ סומע פון 50,000 פונט.

**פּריוואַט־קאַפּיטאַל אין האַנדעל און אינדוסטריע.**

אין׳ם משך פֿון די לעצטע דריי יאָהר זיינען געשאַפֿען געוואָרען פֿון אידען איבער 50 אינדוסטריעלע און האַנדעלס־אונטערנעמונגען, מיט אַ קאַפּיטאַל פֿון בס״ה 1,000,000 פֿונט. 72 פּראָצענט פֿון אַלע רעגיסטרירטע „געזעלשאַפֿטען מיט באַגרע־נעצטער אחריות״ זיינען אידישע. אַלע רעגיסטרירטע גענאָסענ־שאַפֿטען זיינען אידישע.

די וויכטיגסטע נייע אונטערנעמונגען זיינען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| די אויל־פֿאַבריק „שמן״ אין חיפה | קאַפּיטאַל | 100,000 | פֿונט. |
| די בוי־געזעלשאַפֿט „הבונה״, יפו | „ | 100,000 | „ |
| די האַנדעלס־געזעלשאַפֿט „חירם״ אין חיפה | „ | 100,000 | „ |
| די פּאַלעסטינער סיליקאַט־געזעלשאַפֿט אין יפו | „ | 75,000 | „ |
| די אַמעריקאַנישע געזעלשאַפֿט פֿאַר פּרוכט־צוכט | „ | 50,000 | „ |

---

## די פאַרוועגדונג פון די ארץ־ישראל פאנדען.

(אַפּריל 1918—מערץ 1922).

| | | |
|---|---|---|
| א) לאַנדווירטשאַפֿטליכע קאָלאָניזאַציע ... ... | 220,000 | ענ. פֿ. |
| ב) לאַנד־קויף, אַמעליאָראַציע און באַוואַלדונג דורך׳ן אידישען נאַציאָנאַל־פֿאָנד (יאַנואַר 1918—מערץ 1922) | 330,000 | „ |
| ג) עפֿענטליכע אַרבייטען, אינוועסטיציעס און קרעדיטען | 102,000 | „ |
| ד) שטאָדטיגע קאָלאָניזאַציע (איינגערעכענט הייזער־בוי) | 79,000 | „ |
| ה) ערציהונג און קולטור ... ... ... | 341,000 | „ |
| ו) סאַניטאַציע ... ... ... ... | 356,500 | „ |
| ז) אימיגראַציע און סאָציאַלע פֿאַרזאָרגונג ... ... | 148,000 | „ |
| ה) נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס ... ... ... | 74,000 | „ |
| ט) אַדמיניסטראַציע און פֿאַרוואַלטונג ... ... | 113,500 | „ |
| בס״ה | 1,764,000 | „ |
| דערצו קאַפּיטאַל־אינוועסטיציעס פֿאַר די פֿינאַנץ־אינסטיטוטען—אַנגלאָ־פּאַלעסטינאַ קאָמפּאַני, די אַלגעמיינע היפּאָטעקען־באַנק פֿון ארץ ישראל, אַרבייטער־באַנק — אויף אַ סומע פֿון ... ... ... ... | £280,000 | |
| דער גאַנצער ס״ה פֿון די אינוועסטיציעס פֿון׳ם קרן הגאולה, פֿון׳ם אידישען נאַציאָנאַל־פֿאָנד, פֿון׳ם קרן היסוד און פֿון די אידישע באַנקען באַטרעפֿט איבער ... ... ... ... | £2,000,000 | |

אין דער סומע זיינען ניט אַריינגערעכענט 1,000,000 פּונט אינוועסטי־ציעס פון פּריוואַטען קאַפּיטאַל אין האנדעל און אינדוסטריע, פּריוואַטע אינוועס-טיציעס אין דער לאַנדווירטשאַפט, ווי אויך די הוצאות פון דער יק"א און פון די הילפס-פאָנדען.

בסך־הכל זיינען אינוועסטירט פון אידען אין ארץ-ישראל אין משך פון די 4 יאָהרען 1918 ביז 1922 איבער **4,000,000 פונט.**

## ווילט איהר די ארבייט זאל ווייטער געהן?

די אידישע קאָלאָניזאַציע-אַרבייט אין ארץ ישראל איז אָהן אַ נאַציאָ-נאַלען כלל-פאָנד ניט מעגליך.

ענגלאַנד און די בריטישע קאָלאָניעס שטיצען די אימיגראַציע און באזעצונג אין דער אימפּעריע דייטשלאַנד און איטאַליע — וייער אינעווייניגע קאָלניזאַציע מיט מלוכה-מיטלען, און פינאַנסירען זיי דורך כלל־אינסטיטוציעס.

אַזוי נויטיגט זיך אויך דאָס אידישע פאָלק פאַר דעם אויפבוי פון זיין היימלאַנד אין ארץ ישראל אין אַ מעכטיגען נאַציאָנאַלען קאָ־לאָניזאַציאָנס-פאָנד.

דאָס איז דער קרן-היסוד, דער אויפבוי־פאָנד פון ארץ־ישראל.

דער קרן־היסוד איז דער וויכטיגסטער פינאַנץ־אינסטרו-מענט פאַר ישוב ארץ־ישראל.

ער איז דער חוט השדרה פון אַלע אַרבייטס־צווייגען פאַר טובת הכלל, וואָס גיבען ניט קיין ריוח.

ער שאַפט דעם קרעדיט־באַזיס פאַר די צווייגען פון דער ישוב-אַרבייט, וואָס נויטיגען זיך אין אָנהויב אין דער הילף פון׳ם שטאַאַט.

דורך זיין באַטייליגונג אין אונטערנעמונגען וואָס ברענגען ריוח, גאַראַנטירט ער זייער נאַציאָנאַלען כאַראַקטער.

צאָהלט אייער מעשר! באַשטייערט פרייוויליג אייער הכנסה און אייער פאַרמעגען לטובת דעם קרן־היסוד!

דאָס אידישע פאָלק קעמפט פאַר זיין עקזיסטענץ, כבוד און פרייהייט.

וואו שטעהט איהר אין זיין לעצטען־קאַמף?



...„ווען איהר פֿאָהרט איצט קיין ארץ ישראל, וועט איהר דאָרט געפֿינען פֿאַרשידענע שולען — פֿאָלקס-שולען, מיטעל-שולען אָדער גימנאַזיעס, טעכנישע און קונסט-שולען, אַלע גוט באַזאָרגט מיט לעהרער און מיט אַ גרויסער צאָהל תלמידים. איהר וועט אויסגעפֿינען, אַז די הוצאות פֿאַר אויפֿהאַלטען די שולען ווערען צוגעשטעלט פֿון אידען אין אַלע וועלט-טהיילען.

„ווען איהר פֿאָהרט איצט קיין ארץ ישראל, וועט איהר זעהן געוויסע שפּיטאָלען אָפֿען פֿאַר אַלעמען, און אויב איהר וועט זיך נאָכפֿרעגען, ווער עס באַזאָרגט די מעדיצינישע הילף, וועט איהר זיך דערוויסען, אַז די מעדיצינישע הילף איז אַ אידישע אויף'ן חשבון פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

„אויב איהר פֿאָהרט קיין ארץ ישראל וועט איהר דאָרט קענען זעהן די אַגריקולטור-שולע, וואו אַלערליי פֿאָרשונגען ווערען געמאַכט. זי איז געשאַפֿען געוואָרען, אַ דאַנק דער גוטהערציגקייט פֿון דער אידישער קהלה אין פֿראַנקרייך, מיט אַ סך יאָהרען צוריק.

„איך וואָלט אייך געקענט ווייזען גרויסע שטחים ערד, וואו פֿריהער האָט גאָרניט געקענט וואַקסען. איצט אָבער וועט איהר דאָרט מערקען גרויסע וויינגערטנער מיט אַ שטאַרקער, געזונטער באַפֿעלקערונג און באַגעגענען יונגע לייט, וואָס רייטען אויף פֿיינע פֿערד — דאָס זיינען אימיגראַנטען פֿון רוסלאַנד.

„אויף אַמאָליגע חורבות וואַקסען איצט אָראַנזשען און שטיקער לאַנד זעהען איצט אויס, ווי אין די אַמאָליגע, אוראַלטע צייטען, ווען ארץ ישראל איז געווען אַ ארץ זבת חלב ודבש. נעמט איהר אַוועק פֿון ארץ ישראל די אידישע אַגריקולטור, וועט איהר געפֿינען, אַז דאָס לאַנד איז אויף הונדערטער יאָהרען הינטערשטעליג.

„די דאָזיגע אַרבייטען זיינען דורכגעפֿיהרט געוואָרען דורך אידען, אונטער גרויסע שוועריגקייטען. זינט די בריטישע אַדמיניסטראַציע האָט איבערגענומען די השגחה איבער ארץ ישראל, איז דער שנעלער פּראָגרעס געהנליך צו די מערב-לענדער. דאָך געפֿינען זיך אַזעלכע וואָס פֿרעגען: „איז דען כדאי, אַז מ'זאָל דאָס לאַנד אויפֿבויען?"

„יאָ, ס'איז כדאי, ניט בלויז אין די אינטערעסען פֿון דער אידישער ראַסע, נאָר אין די אינטערעסען פֿון דער גאַנצער מענשהייט. ס'איז שוין אַוועק די צייט, ווען אימיצער זאָל קענען פֿאָרערן, אַז גרויסע גיטער זאָלען בלייבען חרב, ווייל די איינוואוינער זיינען צו אונוויסענד אָדער צו פֿויל זיי צו בעאַרבייטען."

סער אַלפֿרעד מאָנד,

אָקספֿאָרד, 25-טען פֿעברואַר, 1922.